איציק קיפניס



# בורך-מורך

קינדער-פארלאג פון או. ס. ר. ר.

אי. קיפניס

# בורו־מורו

מײַסעלעכ פאר קלײנע
קינדערלעכ וועגנ



קינדער־פארלאג פונ או. ס. ר. ר.
1 9 3 5

רעדאקטאר—אי. ג ר י נ ז ײַ ג

הילף בײַ צייכענונגען — פֿון קינסטלער ב ל א נ ק

סטענאָגראַפֿירער—יא. אָ ל מ א נ

קאָרעקטאָר—נ. ר א כ י

# דאָס פליגעלע אונ דער בער



עשטאנענ זײַנענ אפנ פענצ־
טער. א קליינ פליגעלע מיט א גרויסער
פליג. זעענ זיי, אינדרויסנ א בער פליט.
זאָגט דאס קליינ פליגעלע:

— אָט כאפ איכ אימ!

זאָגט די גרויסע פליג:

—פלי ניט־ער וועט נאָכ דיכ אופעסנ.

— איכ האָב זיכ ניט קײַנ מוירע,—זאָגט
דאָס קליינ פליגעלע אונ איז אוועקגעפלויגנ.

דער בער פליט, אונ דאָס פליגעלע־נאָכ
אימ. דער בער פליט, אונ דאָס פליגעלע־נאָכ
אימ. פארטשעפעט זיכ דער בער מיט א

פֿוס פֿאַר אַ בוים און בלײַבט הענגען. איז צוגעלאָפֿן דאָס פֿליגעלע, אים געגעבן אַ „טוק" אין אויער אַרײַן. האָט זיך דער בער דערשראָקן, געגעבן אַ פֿאַל אויף דער ערד און זיך גענומען קאַטשען.

פֿרעגט אים דאָס פֿליגעלע:

— וואָס קאַטשעסטו זיך, בער?

— אוי, מײַן בויך טוט מיר וויי, אוי, מײַן בויך טוט מיר וויי, קאַטשע איך זיך.

— טאָ וויאַזוי רופֿט מען דיך, בער, וואָס דו ביסט אַזאַ גרויסער?

— אוי, אוי, טײַער פֿליגעלע, „לעמעך" רופֿט מען מיך, „לעמעך"!

— טאָ קאַטשע זיך, לעמעך, קאַטשע זיך, וועט זיך דיר פֿאַרהיילן דער בויך.

דאָס פֿליגעלע האָט זיך גוט אָנגעלאַכט און איז אַוועקגעפֿלויגן. אַזוי־ווי סע פֿליט, איז אַוועק אַ כמאַרע מיט אַ רעגן אויף אַלע גאַסן, אויף אַלע וועגן. פֿליט דאָס פֿליגעלע

און פליט און זעט — ס'ניט גוט: סע וועט באלד די פליגעלעך פארנעצן, וועט עס ניט קענען פליען. שטייט א בוים מיט גרויסע בלעטער, זאָגט דאָס פליגעלע:

— בוים, בוים, מע קען לעבן דיר שטיין? דער רעגן האָט מיר די פליגעלעך פארנעצט.

זאָגט דער בוים:

— דו האָסט דעם בער דערהארגעט, דו וועסט נאָך מיך אויך הארגענען.

— ניין, — זאָגט דאָס פליגעלע, — איך וועל דיר גארניט טאָן.

— אפ דיין וואָרט.

— אפ מיין וואָרט.

איז ארופגעפלויגן דאָס פליגעלע צום בוים אפ א צווייג, זיך אונטערגעשטעלט אונטער א בלעטעלע און איבערגעשטאנען.

אז ס'איז איבערגעגאנגען דער רעגן און ס'איז ארויס די זון, האָט פליגעלע

## די פעדערלעכ אָפגעטריקנט, אונ־פלי־פלי, אוועקגעפלויגנ גלײַכ אהיימ.



די פעדערלעכ אָפגעטריקנט אונ־פלי־פלי, אוועקגעפלויגנ.

פענצטער ארײַנ,
פענצטער ארויס,
אונ די מײַסע איז אויס.

# דאָווידל און דאָס פליגעלע



איבערגאנגען איז דאָווידל איב־
קלייט קויפן א מעקער. איז נאָך געווען פרי. זעט ער, א הינדעלע גייט. לויפט ער עס כאפן. לויפנדיק, איז אים ארויס א טראָפן שווייס אפן שטערן.
— פליען צוויי פליגעלעך קליינע, איינס איז אלט א טאָג, און איינס־צוויי טעג.
רופט זיך אָן דאָס ערשטע:
— דו זעסט בא דעם מענטשן אפן שטערן א „בארג"?
זאָגט דאָס צווייטע:
— איך קען אריבערשפרינגען אָן האל־

טעניש. און טוט א פלי צו דאָווידלען אפן שטערן. פארטשעפּעט עס אָבער א פיסעלע אין שוויס און קען ניט ארויס. האָט דאָ־ווידל אינדערגיך אוועקגעלאָזן דאָס הינ־דעלע, געטאָן א כאפ, געכאפט דאָס פליגע־לע אין האנט און וויל עס ניט ארויסלאָזן.

האָט זיך גענומען בא אים דאָס פליגעלע בעטן:

— מענטש, מענטש, לאָז . . כ אָפּ, מיין שוועסטערל ווארט אפ מיר, איר איז איינ טאָג און מיר איז צוויי.

— ווערסט מער ניט קריכן צו מיר אפן שטערן?

— מער ניט.

— טאָ שווער זיך!

— איך ווייס ניט וויאזוי.

— זאָג:

— אָרענע, באָרענע, ווייצענע, קאָרענע. זאָגט דאָס פליגעלע:

— אורענע, בורענע, ווייצענע, קאָרענע —
האָט אופגעעפנט דאָווידל די האנט, איז
דאָס פליגעלע אוועק זוכן איר שוועסטערל,
און דאָווידל איז אוועק קויפן א מעקער.



# די מײַסע מיט דאָווידלס הינטעלע



עווענ איז בּא דאָווידלענ א קליינ הינטעלע מיט פאַרמאַכטע אויגע־לעכ. איינמאָל, דאָווידל איז געשלאָפנ אינ בּעטעלע, קריכט אוועק דאָס הינטעלע פונ שטוב, קריכט אוועק פונ הויפ אונ קומט אפ א ווײַטער גאַס.

האָט זיכ דאָס הינטעלע מוירע.

גייט אקוראט א פעטער, א גראָבּער, א גראָבּער.

בּעט זיכ דאָס הינטעלע:

— פעטערל, גראָבּינקער, פיר מיכ אָפּ אהיימ.

— גײ אַלײן, אַז דו דאַרפֿסט, — זאָגט דער גראָבער פֿעטער.
גײט אַ ייִנגעלע.
זאָגט דאָס הינטעלע:
— ייִנגעלע, צײַנגעלע, פֿיר מיך אָפּ אַהײם.
— אָפּ װעלכער גאַס? — פֿרעגט דאָס ייִנגעלע.
— איך װײס ניט.
— אין װעלכן הױף?
— איך װײס ניט.
— און װעמעס הינטעלע ביסטו?
— דאָװידלס.
האָט גענומען דאָס ייִנגעלע הינטעלען און פֿאַרפֿירט גלײַך צו דאָװידלען אַהײם.
איז דאָװידל אױפֿגעשטאַנען, און די מאַמע איז געקומען און גענומען געבן די קינדער קאַשע עסן.
האָט זי געגעבן דעם ייִנגעלע אין שיסע־לע, דאָװידלען — אין פֿענדעלע, הינטעלען —

אינ רענדעלע. האָבנ די כאוויירימלעכ גע־
געסנ די קאשע, געגעסנ אונ די מייַסע
פארגעסנ.



האָבנ די כאוויירימלעכ געגעסנ די קאשע.

קיזעלע,
מיזעלע,
מוזעלע,
מייַזעלע,
כאפּ!
כאפּ!
כאפּ!
כאפּ!
כאפּ!

# מײשעלעס ציגעלע



עווען אמאָל א מײשעלע, די גרײס װי א קײשעלע. א גאנצן טאָג איז ער געזעסן אפן דאך און פארנאכט האָט ער געוואָלט עסן.

גײען בעהײמעס פון טשערעדע, זאָגט מײשעלע צו דער מאמען:

— מאמעלע, מאמעלע, גיב מיר עסן!

זאָגט די מאמע:

— ייִנגעלע, צינגעלע דו! אָט מעלק איך אויס די ציג, גיב איך דיר עסן.

האָט געבומען די מאמע דאָס קריגעלע,
איז אוועק צום ציגעלע און רופט זיך אָן:

— „ציגעלע, מיגעלע, לאמאני',
מעלק מיר אָן א קריגעלע מילך,
בא מיר פאראן א מיישעלע,
די גרייס ווי א קיישעלע.
איך האָב א גאנצן טאָג פארגעסן,
אז מיישעלע וויל עסן".

זאָגט דאָס ציגעלע:

— „מע, מע, מע־מע־לאיעם,
ברענג אין מולטערל מיר קלייען,
ניט קיין סאך און ניט קיין ביסל
נעם דיר מילך א פולע שיסל".

געבראכט די מאמע קלייען, האָט גענו־
מען דאָס ציגעלע קייען, ט'געגומען די
מאמע מעלקן, און דאָס ציגעלע זינגען:

— „מע, מע, מע־מע־מע־ע, —
מעלק דיר אָנ א שעפּל מילכ,
דאָס מילכעלע איז הייסע,
מיישעלע וועט וואקסנ א גרויסער”.



# געווענ בא אווראָמענ צוויי טײַבעלעכ

(אנ עמעסע מײַסע)



אָט געבראַכט דער טאטע אווראָמענ

צוויי טײַבעלעכ.
אוי, גוואלד —
ס'ארא שיינינקע טײַבעלעכ!
געקומענ די קאצ אונ אופגעפרעסנ
א טײַבעלע,
אוי וויי, די קאצ האָט אופגעפרעסנ
א טײַבעלע!

גענומען אוואָרם און האָט געשלאָגן
די קאַץ.
— ווער ווייסט פֿרעסן טײַבעלעך?
אַהאַ! — האָט געשלאָגן וואָרעם די קאַץ.
גענומען די מאַמע און האָט אָנגעשמיסן
וואָרעמען.
— ווער ווייסט האַרגענען קעץ?
אַהאַ! — האָט גענומען די מאַמע און
געשמיסן וואָרעמען.
ט'גענומען די מילך און פֿאַרגאָסן
דעם אויוון.
— ווער ווייסט שמײַסן וואָרעמען?
אַהאַ! — האָט פֿאַרגאָסן די מילך
דעם אויוון.
געווען די קאַץ דאָס טײַבעלע ניט עסן,
וואָלט וואָרעם די קאַץ ניט געשלאָגן,
וואָלט די מאַמע וואָרעמען
ניט געשמיסן,
וואָלט די מילך דעם אויוון ניט פֿאַרגאָסן,

וואָלט געווען ציקאָריע אפ אָנבײַסן,
וואָלטן אלע קינדער געגעסן!

---

טאקע געווען בא אווראָמען צוויי
טײַבעלעך,
אוי, גוואלד, ס׳ארא שײנינקע טײַבעלעך!



# אינהאלט:

זײַט

Одобліт № 1271. Уповн. головліта № 2549.
Замовл. № 1363. Тираж 3000. $1^1/_4$ друк. арк.
Папір 72 х $110^1/_{32}$. Здано до складання 13-VII
35 р. Підписано до друку 28-VIII 35 р. Черг.
видання № 101.

---

Друкарня ім. Леніна, Одеса, Пушкінська, 18.